נחמה לערער

# מוטער חנה פון גראבאָוויעץ

(פּאָעמע)

ארויסגעגעבן פון א געזעלשאפטלעכן קאָמיטעט

▼

בוענאָס איירעס 1945

יעקב באָטאָשאַנסקי

# א דעבוט מיט אַ קדיש

(אַ קורצע הקדמה צו נחמה ל׳ערערס „מוטער חנה פון גראַבאָוויעץ")

נחמה ל׳ערערס „מוטער חנה פון גראַבאָוויעץ" נייטיקט זיך אייגנטלעך נישט אין קיין שום הקדמה. די שורות פון אָט דער פּאָע־מע, זיינען פּונקט אַזוי פּשוט ווי האַרציק. ווער עס וועט אָט די שורות לייענען, וועט דערפילן „אונזער אַלטן גרויסן אומגליק", וואָס האָט אַף אונז נישט איין האַנט פאַרשפּרייט, נאָר האָט פאַרשפּרייט איבער אונז מיליאָנען לאַפּעס. טרערן ריזלען פון נחמה ל׳ערערס ווערטער און זיי מישן זיך מיט דעם בלוט פון די העלדן און ווען מ׳גן לייענט זיי, ווערט מען אַליין אַ צעקאָכטער ים פון בלוט און טרערן.

אָבער אַזוי ווי דער קאָמיטעט וואָס גיט אַרויס די דאָזיקע פּאָע־מע האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל רעקאָמענדירן די יונגע דיכ־טערן, טו איך דאָס אי מיט פאַרגעניגן, אי מיט טרויער. איך פיל, אַז איך שרייב אַ הקדמה נישט צו קיין פּאָעמע, נאָר צו אַ מצבה... און ערשט איז דאָס נישט קיין מצבה אַף איין מוטער חנה מיט זיבן

זין פון גראַבאָוויעץ, נאָר צו אַ מצבה אַף מיליאָנען חנה׳ס אין טויזנ־
טער גראַבאָוויעצעס.

„מוטער חנה פון גראַבאָוויעץ" איז די ערשטע זאַך פון נחמה
לערער — אין בוך־פאָרם, אָבער דאָס איז נישט איר ערשטע שאַ־
פונג. אויב איך האָב קיין טעות נישט, דריקט זיך די יונגע דיכטערין
שוין אַ יאָר אַכט. באָס אָנהויב, האָט זי געשריבן צו לייכט און אירע
זאַכן האָבן אין זיך געהאַט לידלדיקס און עפּעס פון קופּלעט. עס איז
געווען מער קלאַנג ווי אינהאַלט. מיט דער צייט איז איר פערז גע־
וואָרן מער אָנגעזעטיקט מיט בילד, אינהאַלט און געדאַנק. דאָס אָרט
פון קופּלעטן־מעסיקן, האָט פאַרנומען דאָס פאָלקסטימלעכע. עס
זיינען ביי נחמה לערער פאַראַן שורות, וואָס מאַכן דעם איינדרוק
פון עכטן פרימיטיוו און פון פרימיטיווער עכטקייט און עס דאַכט
זיך, אַז דאָס זיינען פיינע, היינטצייטיקע וואַריאַנטן, אַף אַלט־טאַ־
דישע, פאָלקסטימלעכע מיידלישע געזאַנגען. אָט נעמט אַ־די שורות:

וואָס טוט אַ מיידל
אין איר „סאַלטערסקע" שטיבל
אַליין ביינאַכט?
זי זיצט און טראַכט: —

ביילקע האָט אַ חתן
און דבורה האָט שוין התונה געהאַט
און ווער וועט מיין
באַשערטער זיין?

די לעצטע צייט האָט נחמה לערער אויפגעהערט זינגען וועגן אירע מיידלישע ליידן — פריידן — חלומות און ווי אַלע אידישע דיכטער, האָט זי גענומען אויסדריקן — ווי ש. ניגער האָט עס אָנ־גערופן —אונזער הייליקן צער. און די יונגע דיכטערן מאַכט דעם איינדרוק פון אַ טאָכטער וואָס באַוויינט איר מאַמע און אַ שוועס־טער, וואָס באַקלאָגט איר שוועסטער און פון אירע שורות יאָמערט אַרויס אונזער אַלעמענס געוויין אַף אַ גאַנצן דור, וואָס איז, ווי ז. סיגאַלאָוויטש זאָגט׳ שווייגנדיק געוואָרן...

ס׳איז עפּעס מער ווי טרויעריק צו דאַרפן דעבוטירן מיט אַזאַ פּאָעמע! ס׳איז אַלצאיינס, ווי אַ זינגער וואָלט באַדאַרפט דעבוטירן מיט אַ קדיש נאָך זיין אייגענער מאַמען... אָבער, דאָס איז אונזער אַלעמענס גורל און פון גורל קען מען נישט אַנטלויפן, ווען מען איז אויפריכטיק און נחמה לערערס ווערטער זיינען עכט און אויפריכ־טיק און זיי קומען פון האַרצן אַרויס!

מיין יזכור נאָך די אומגעקומענע
קדושים אין מיין אַלטער היים.

(פון א בריוו וואס האט געוואגלט עטלעכע יאר־
איבער פילע לענדער).

געדענקסטו דיין שטעטל גראַבאָוויעץ,
נעבן הרוביעשאָוו, לובלינער געגנט?
דו וועסט עס מער נישט דערקענען.

געדענקסט, דער קלויסטער פון איין זייט
און די שיל פון דער אַנדערער?
ביידע האָבן געוויזן צייכנס פון ישוב,
פאַר וואָגלענדיקע מידע וואַנדערער.

פון קלויסטער — שיינע ווייסע וועגן,
פון שיל — שמאָלע בלאָטיקע געסלעך,
ציען זיך צום מאַרק, צו „סטראַזש אָגניאָווי",
וואו מיט וואַסער פולע פעסלעך
שטייען תמיד גרייט צו לעשן אַ שרפה.

און ברעכט אין שטעטל אויס אַ מגפה,
בעטן גוים אין קלויסטער און יידן אין שיל:

— „יעזוס מאַריאַ!" און „דערבאַרמדיקער פּאָטער אין הימל!"
ברידער — כאָטש נישט פון איין גלויבן,
אָבער מיט איין שטרעבן צו דערהויבן זיך פון שימל.

און אין מאַרק, אַרום דער פייערלעשער־שאָפּע,
הימלט עס יעדן דינסטיק מיט יריד;
אויסגעמישט דורך האַנדל־וואַנדל
האַוועט דאָרט אַרום גוי און ייד.

און צווישן די קרעמער — חנה די הענדלערקע;
אַ קרעמל מיט זאַלץ, עטלעכע זעקלעך,
מיט דעם דאַרף זי דערנערן אירע יתומים,
אירע זיבן קליינע ברעקלעך...

געדענקסטו דעם קלויסטער, די שיל און חנהן?
אָ, נישטאָ מער דאָס אַלץ, קאָנסט היינט תּאַנדרען און זוכן,
דו וועסט היינט דיין גראַבאָוויעץ מער נישט דערקענען...

# חנה מיט די
# זיבן זין



אָרים איז אין געלט געווען חנה,
אָבער רייך און שטאָלץ מיט אירע זין;
חנה האָט געמוזט גענוג זיך מוטשען
אירע זיבן קינדער צו דערציִ'ן.

נאָך דער חתונה עס קומט אַ צווילינג —
שוין פאַראַן מיליאָנען צוויי אין שטוב;
איינס און איינס און איינס און נאָך אַ צווילינג —
זיבן זין עס פּויזען שוין אין שטוב!

זיבן זין, ווער דאַרף דען מער פאַרמעגן?
אין פאַנטאַזיע חנה זיך נאָר מאָלט,
ווי וועט אויסזען דאָרטן אין גן־עדן
אירע זינס געבוימטער שטול פון גאָלד?...

זי וועט זיצן דאָרטן ווי אַ פּריצה,
מעג זי דאָ דערווייל זיך מוטשען שווער;
און זי וואַשט און צוואָגט און קעמט די קינדער
און פאַרגיסט דערביי אַ פריידנס־טרער.

שמואל, איר מאַן, אין אַלקערל ער לערנט,
חנה שלינגט זיין זיסן קול און טראַכט:
— אים האָט זי דאָס אַלץ דאָך צו פאַרדאַנקען,
אין גן־עדן אַזאַ גרויסע פּראַכט!...

זיצט זיך שמואליק שטענדיק און ער לערנט,
חנה ברענגט פון מאַרק דאָס שטיקל ברויט;
און די קינדערלעך די זיבן וואַקסן,
כאָטש עס מאַנגלט נישט אין שטוב קיין נויט.

פּלוצלינג הייבט זיך שמואליק אָן צו קלאָגן,
עפּעס טאַנצט אים מאָרגנע אום אין האַרץ;
ס'העלפן קיין פּיאַווקעס נישט, קיין באַנקעס,
עפּעס הערט זיין ליכטיק פּנים שוואַרץ.

חנה יאָמערט און זי „מעסט די קברים"
און זי ברענגט אַ דאָקטער פון לובלין,
נאָר עס העלפט נישט, חנה בלייבט אלמנה
און יתומים - - אירע זיבן זין...

יונג איז חנה דעמאָלט נאָך געווען,
נאָר קיין צווייטן מאַן מער נישט געוואָלט;
זי וועט שמואליקן שוין נישט פאַרבייטן,
שמידן וועט זי אים דעם שטול פון גאָלד;

זי הײעט זײַנע זיבן זין דערציִען,
מעג דאָס זײַן פֿאַר איר, גאָט װײס, װי שװער...
— איז אַ שטול פֿון גאָלד אין דעם גן־עדן
װײניק דען פֿאַר איר? — װאָס דאַרף זי מער?...

האָט זיך טאַקע חנה שװער געמוטשעט,
שלעפּנדיק די זעקלעך זאַלץ פֿון מאַרק
און געטראָגן פּעקלעך זאַלץ אין שטיבער,
— װאַקסן אירע זין געזונט און שטאַרק.

חנה װיל, די קינדער זאָלן לערנען,
אָבער גרױס איז דאָך בײַ איר די נױט;
סטאַרען זיך די קינדער איר צו העלפֿן,
אַז אין שטוב זאָל זײַן דאָס שטיקל ברױט.

איציקל און צאַלעל, צווייִ, די עלטסטע,
זיינען אויף דער לער שוין ביי אַ שמיד;
יאַנקעלע און שמעון ביי אַ סטאָליער,
לינדערן דער מאַמען איר געמיט.

נאָך אַ יאָר און זעליק אַרבעט אויך שוין,
מאָטל לאָזט ניט וואַרטן לאַנג אויף זיך;
בעריש בלויז, דער יינגסטער פון די זיבן
לערנט גוט — און יאָרן לויפן גיך...

האָט די מוטער נחת פון די קינדער,
זעקס צו לייט, דאָס זיבעטע — פאַר גאָט;
די גבורה פון די זעקס, זי שמט שוין,
בערישס לומדות שמט שוין אויך אין שטאָט.

זיינען מאַמעס חנהן שוין מקנא,
— „אָט, אַ מאַמע, איז געבענטשט פון גאָט!...״
רעדט מען שוין פאַר אירע זין שידוכים
און זי איז די גליקלעכסטע אין שטאָט.

פלוצלינג הייבט מען אָן אין שטיל זיך שושקען,
מורא האָט מען עפענען אַ מויל...
אויף מלחמה ווייזן זיך סימנים,
איידער וואָס — עס הערשט שוין פיין און גרויל...

רויב־פייגל פון שטאָל געבוירענע,
מיט פולווער־בייכער פול צעווירענע,
זיינען מיט דער נאַכט פון מערב אָנגעפלויגן
און געזוכט רויב מיט זייערע רעפלעקטאָר־אויגן.

זייערע שפּיזיקע בליקן האָבן זיך איינגעגעסן
אין דער אַלטער שיל־געביידע,
וואו יידן אַ גאַנצע עדה
האָבן מתפלל געווען צו גאָט:
— דערבאַרימדיקער גאָט אין הימל, באַשיץ אונדז!...

אָבער די רויב־פייגל האָבן פאַרשטעלט
דעם וועג צום הימל,
זיי האָבן די תפילות אויפגעכאַפּט, ווי
לעסטערנדיקע ווערטער קעגן זייער „פירער"
און אין חיהשן גרימצאָרן האָבן זיי
געעפנט זייערע שטאָלענע פּיסקעס.

און אין איין אויגנבליק -- נישטאָ מער קיין שיל.
עס קנוילן זיך מענטשן אין גסיסה־ווייען:
אינטער אירע חורבות
און דער מבול פון פייער גיסט זיך אַלץ
מיט שטורעם און רעש פון די הויכן
און עס ווערן פאַרשטיקט די גסיסה־אויסרופן
וואָס רייסן זיך דורך פלאַמען:
— „שמע־ישראל! שמע־ישראל!...״

☆

ווי אַזוי איז עס געווען?
חנה איז אויך געווען אין שיל,
נאָר אַ שטאַרקער אויפברייס
האָט מיט איר אַ שליידער געטאָן
און זי פאַרוואָרפן ווייט אויסערן פייער
און ווי נאָר זי האָט אירע אויגן געעפנט,
האָט זי זיך דערמאָנט אָן אירע קינדער.
— אוי, מיינע קינדער!...
און זי האָט זיך געלאָזן לויפן
אין דער פינצטערער נאַכט אַריין.

פונקט ווי יעדן פאַר באַגינען,
שיינט אויך היינט דער מאָרגנשטערן
און ער שטראַלט אַראָפּ פון הויכן
מיט דעם אָנזאָג: — טאָג וועט ווערן!...

קריכן מענטשן פון די לעכער,
קוקן אום זיך טויט־דערשראָקן
און מען שלעפּט אַרויס פון חורבות,
אָט אַ קינד און אָט אַ זקן.

זאַמלט מען צונויף הרוגים
און מען ראַטעוועט ראַנירטע,
צווישן יאָמער רייסט זיך דורך אַ
הויך געלעכטער פון — געווירטע...

און די זון, ווי קיינמאָל גאָרנישט
קומט מיט ליכט און סנאָפּעס שטראַלן,
נאָר פון ערגעץ הייט, אַן עכאָ
הערט זיך פון טראָמפּייטן־שאַלן...

ס'איז דער אָנזאָג פֿון מלחמה,
דאַרף מען פּאַקן, דאַרף מען לויפֿן,
ס'איז נישטאָ דאָס ביסל גוטס
אַפֿילו וועמען צו פֿאַרקויפֿן...

פּאַקט מען אײַן עס ווערט אַ פּאַניק,
קיינער ווייסט נישט וואו צו לויפֿן,
הרוביעשאָוו איז אויך אין פֿלאַמען
און דערווײַל אין טאָמאַשאָוו,
און לובלין — אַ שיטער־הויפֿן...

נעמען גייט זיך צום רויבן,
וואו עס איז אַ שטיק געבליבן,
נעמען זיי און ברעכן שויבן.

ווערט די פּאַניק נאָך פֿאַרגרעסערט,
הייבט זיך אויף אַ גרויל־געלויף,
נאָר די פּלוצלינג ווערט פֿאַרגליווערט
די אָרעמיקע בהמה...

אײן פֿאַגראַמשטשיק ליגט שוין טויט,
אַ צװײטער נעבן אים צעהרגעט,
אַט האָט איציק דורך אַ פֿענצטער
נאָך אײנעם אַרויסגעזאַרגעט...

— „חנהם זין"... װערט אַ געמורמל —
צאַלעל, איציק, יאַנקל, שמעון,
מאָטל, זעליק קעמפֿן מוטיק,
פֿון קײן שרעק נישטאָ קײן סימן...

אַלע זײנען זײ באַװאָפֿנט,
װער מיט האַמער, װער מיט מעסער,
װערן אַנדערע אויך מוטיק,
װערט די „סאַמאָבראָנע" גרעסער,

ווערט דער הײמישער פּאָגראָמשטשיק
שנעל באַקעמפט און אָפּגעשטויסן,
נאָר עס וואַקסט די שרעק פאַר סכנות
וועלכע לויערן פון דרויסן;

הנהם זין צעשטעלן וואַכן,
אַנפירער פון זײ איז צאַלעל,
בעריש בלויז, דער ייִנגסטער זון, ער
ווײנט און איז צו גאָט מתפלל...

גראַבאָוויעץ געהילט אין חושך
גײט דער שוואַרצער נאַכט אַנטקעגן
און אין חושך קרעכצן פליטים,
בלאָנדזשענדיקע אויף די וועגן...

ס'איז געווען אַ קורצע אָטעם־פּויזע,
מיט אַ ציטערן פאַר נייעם טאָג,
ביז עס האָט מיט דונער, שטאָל און פייער,
אַנגערוקט די נאַצי־מערדער־פּלאָג.

ווער קאָן גראַבאָוויעץ נאָך איצט דערקענען?
ביאַליקס „שחיטה־שטאָט" איז צוקער־זיס;
ס'איז די גרויליקייט פון אַלע גרוילן,
מענטשן טרעטן מענטשן מיט די פיס...

„מענטש" — פאַרוואַנדלט אין אַ נאַצי־מערדער,
הפקר, פריי, מיט רויבערישן מוט,
היטלער־שטן וואוינט ביי אים אין האַרצן,
זינגט ער: — „רינען זאָל דאָס יידן־בלוט!..."

נאָר דאָס בלוט, עס רינט נישט בלויז פון מעסער,
רויט — אַ טייך, איז שוין די יידן־גאַס,
נאָר עס זעטיקט זיך אַלץ נישט די חיה,
גיפטיקער און בייזער ווערט דער האַס.

צום די שוידערלעכע וואַקכאַנאַליע
זיך אַזוי, ביז ענדלעך ווערט שוין נאַכט,
נאַציס הוליען אין די יידן־שטיבער:
— „לעבן זאָלן די, וואָס האָבן מאַכט!...“

☆

אינעם ווינקל רעכטס, נישט ווייט פון שטעטל,
גראָבן פּאַרטיזאַנער אַ טונעל;
חנהס זין, פאַרשוויצטע פון דער אַרבעט,
מונטערן כסדר — חברה שנעל!...

איינגעאָרדנט זיך אַ שטיקל לאַגער,
דאַרף מען ווערמען שיקן זוכן ברויט,
גייען דריי און צאַלעל אין דער מיטן,
כאָטש דאָס גיין באַדייט אַ גיין צום טויט.

קומען זיי און זעען ווי די נאַציס
הוליען אין די שטיבער פול מיט שפּאַס,
פלאַקערט אין די דריי זיך שנעל פּאַנאַנדער
אַזאַ הייליק פייער פול מיט האַס.

פאַרשן זיי מיט פייער אין די בליקן,
פויזען זיי אויף דר'ערד פון הויז צו הויז,
טרעפן זיי צום לאַגער פון קאָמאַנדע,
דאָרט, געציילטע אָפיצירן בלויז.

און זיי ראַנגלען זיך מיט רבקה טראָלטשעס,
דעם יינגן שוחטס צנועותדיקן ווייב...
פויזען זיי שוין איילנדיק צום וועלדל:
— חברה, העי, נקמה ברענט אין לייב!...

צאַלעלם אויגן שיטן פייער־פונקען,
— ווער האָט וואָפן? חברה, מאַכט אייך גרייט;
היינט נאָך, איצט נאָך, איידער ס'הייבט אָן טאָגן,
מאַכט אייך גרייט, עס טאָר נישט ווערן שפּעט!...

— — — — — — — — — — — — —

ווער האָט זיך געקענט אַזוינס גאָר ריכטן?
הנהם זיך, זיי האָבן זיך געקליגט
און די אָפיצירן פון קאָמאַנדע,
אָט די „זיגער" אָן אַ שאָס באַזיגט...

קאַלט געווער און פייערדיקער ווילן
און די בעסטיע, ליגט פאַר זייערע פיס...
באַלעל מראָגט שוין רבקהן אויף די פלייצעס,
צוריק אין וואַלד — נקמה אָך ווי זיס!...

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

אויפן פעלד, אַ טיש — עס זיצן נאַציס,
אַ געריכט, מען משפט אויפן אָרט;
די פאַרמשפטע, זיי מוזן שווייגן,
באַיאָנעטן מאַכן שטום דאָס וואָרט.

האַקנקרייצן פלאַטערן אויף פענער,
העצנדיק פון הויך אַראָפּ צו מאָרד;
איינס נאָך איינס, מען ברענגט ציווילע מענטשן
און עס ווערט „געמשפּט" אויפן אָרט...

אָט איז חנה אויך שוין אין דער מיטן,
און די „ריכטער" מאַכן מיט איר שפּאַס;
חנה שטייט אינגאַנצן ווי פאַרשטיינערט,
בלויז אין אירע בליקן פינקלט האַס...

— זאָג, וואו האָסטו דיינע זין באַהאַלטן?
פיר פון זיי מיר האָבן ערשט דערטאַפּט;
זע, זיי שטייען דאָרט באַוואַקסט — פאַרפלוכטע,
זיי זיינען בלויז אַ ביסעלע צעקלאַפּט...

חנה שטייט אַזוי אַלץ ווי פאַרשטיינערט,
אויף להכעיס, דרייט נישט אויס דעם קאָפּ;
ווערט דער „ריכטער"־קאָמענדאַנט אין כעס שוין,
הייבט די האַנט און לאָזט זי שווער אַראָפּ...

ליפּן ריטשקעס בלוט אויף הנהס פנים,
נאַציס פרייען זיך פון עלטסטנס שפּאַס;
אָבער חנה שטייט נאָך אַלץ פאַרשטיינערט,
בלויז די בליקן אירע שפּייען האַס...

גיט דער קאָמענדאַנט אַ ווינק צו איינעם,
וואַקסט אַ תליה אויס אין מיטן פעלד,
איציק העלפט דעם שטריק אַליין פאַרלייגן,
ער וויל שטאַרבן מוטיק ווי אַ העלד.

וויל דער קאָמענדאַנט אַ ביסל שפּאַסן,
זאָגט ער: — יודע, וויין און שריי אוי־וויי!...
כאָרכלט איציק אויס זיין לעצטן אָטעם,
גלייך אין „ריכטערס" פּנים מיט אַ שפּיי!...

☆

— „רייד אַ וואָרט, דו אַלטע יודין־העקסע!..."
— „הורען־ווייב" — אַ צווייטער גיט אַ ברום;
חנה פילט נישט אויף איר לייב די פּיינען,
הי אַ סטאַטוע שטייט זי האַרט און שטום...

פּלוצלינג קומען עטלעכע סאָלדאַטן,
און זיי פירן חנהס לעצטע טרייסט;
בערישל מיט אַ פאַרבלוטיקט פּנים,
זיינע שוואַרצע פּאות שוין פאַרווייסט...

אַכצן יאָר, און שוין אַ גרויער זקן!...
האַלט די מאַמע איצט שוין מער נישט אויס,
וואַרפט זיך אויף דער ערד און בעט רחמנות:
— גיט מיין איינציק קינד מיר כאָטש אַרויס!...

לאַכן נאַצים מיט אַ בייז געלעכטער:
— „נו, דערווישט? אָט איז דער פּאַרטיזאַן!..."
— „היי, סאָלדאַטן!" — הערט זיך אַ קאָמאַנדע,
— „גייט און זוכט, זיי זיינען נאָך פאַראַן!..."

איז דען סאַמעט אַזוי ווייך

און איז דען זיידנס אַזוי גלאַט,

ווי בערישל חנהס עלוי?

נישט געטשעפּעט פּליג אויף וואַנט,

נאָר פאַרבראַכט די טעג און נעכט

מיט תורה און מיט תפילה.

מוטער חנהס לעצטע טרייסט,

נישט געווען אַזוי דרייסט

איז ווי זיינע ברידער;

דאָך מלאכים שפּילן איצט

ווי אויף פידלען אין זיין האַרץ

גאָטספאָרכטיקע לידער...

פון זיין פנים גיסט זיך בלוט,
דאָך ער שמייכלט אַזוי צאַרט,
גוטלעך, מיט מחילה;
רייסט מען אים אַ פאה אויס, —
זיינע ליפּן מורמלען שטיל
צו גאָט אַ הייסע תפילה...

עפּעס וואונדערט אים נאָר בלויז:
— קען מען זיין דען אַזוי שלעכט?
עס איז אַ וויסטער חלום
אָפּצוקומען פאַר אַ זינד...
ביז געלייטערט וועט ער זיין
פאַר דעם אייביקן שלום...

שמייכלט ער און נעמט פאַר ליב
דאָס בריען אים מיט אַ ציגאַר,
ער פילט גאָרנישט קיין ווייטיק;
ער שמייכלט ווייטער אַזוי צאַרט
און טראַכט ווי מענטשן שפּילן זיך...
צו וואָס האָבן זיי עס נייטיק?...

מען רייסט די קליידער אים אַראָפּ
און נאַקעט בלייבט דער קדוש שטיין,
דאָס פּנים נעמט אים פלאַמען;
פלאַטערט איצטער זיין געמיט:
— וואו באַהאַלט מען כ'נאַקעטע לייב? —
ער שעמט זיך פאַר דער מאַמען...

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

ווען טייוואָלים וואָלטן זיין פאַראייניקט
אויסצוטראַכטן פאַר דעם מענטשן־פיין,
וואָלטן זיי אויך נישט אַזוי געפּייניקט
און דערביי געטרונקען רואיק וויין...

בלויז די נאַציס קענען דאָס באַווייזן,
שינדן זיי פון בערישלען די הויט,
פאַר דער מוטער חנה אין די אויגן
און פאַרפּייניקן אים ביז צום טויט.

נאַציס האַלטן פעסט זי ווי אין צוואַנגען,
זי זאָל מוזן זען איר קדישס פּיין
און די פרייד אַרום פון די טייוואָלים,
ווי זיי טרינקען „פּראָזיט" גלעזער וויין...

שוין צום צווייטן מאָל אַרויסגעריסן
האָט זי זיך פון אירע היטערס הענט:
— רוצחים!... — נאָר מען האָט זי באַלד פאַרהאַלטן,
מער האָט זי זיך רירן נישט געקענט...

צוגעזען מיט שטומען בליק די גסיסה,
פון איר לעצטן פון די זיבן זין,
האָט די מאַמע אויף זיין גסיסה־שמייכל
ווי געזען, אַז ווייסע טויבן פלי׳ן...

האָט די עקזעקוציע זיך פאַרענדיקט,
גיט אַ נאַצי חנהן נאָך אַ שטויס;
— גיי און גראָב אַ גרוב, דו אַלטע העקסע —
און אַ בריקע — יודן־ווייב, אַרויס!...

— — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — —

חנה איז געבליבן לעבן,
נאָר צעמישט פון דעם קאָשמאַר;
האַלט זי אַלץ נאָר אין איין מורמלען:
— גאָט דער האַר... גאָט דער האַר...

און זי שמייכלט צאַרט און הייליק,
שוין אַריבער די געפאַר...
אירע זין שוין אין גן־עדן...
— גאָט דער האַר... גאָט דער האַר...

ווער האָט אויסגעטראַכט אַ וועלט מיט
שיינקייט און מיט שלעכטס? — אַ נאַר!
חנה כאַפּט זיך צ׳ריק און מורמלט:
— גאָט דער האַר... גאָט דער האַר...

וואו שפּילט מוזיק און וואו פליען
טויבן? — זי איז משער...
אויבן, דאָרטן, אין גן־עדן —
גאָט דער האַר... גאָט דער האַר...

הער קען מעסטן דען די פּיין
פון אַ מאַמעס טיפן צער?
הנה הערט נישט אויף צו מורמלען:
— גאָט דער האַר... גאָט דער האַר...

באַלד צומאָרגנס פרי באַגינען,
קומען פרישע נאַצים אָן,
אַלעס גרייט זיך אויף די פראָנטן,
װאו מען קוקט, איז — טאַנק, קאַנאָן.

לאַסט־אויטאָס מיט ברויט, מוניציע,
זעלנער־טראָט און אייזן־קלאַנג,
אַלעס מישט זיך אין געווירבל
מיט דעם קרעכצן פון אַ טאַנק.

דרייען זיך די ברייטע רעדער
איבער שטיין און איבער בוים,
אַ קאָלאָנע טאַנק־מחבלים
לויפט מיט כעס אויף צייט און רוים...

און דערנענטערט זיך צום וועלדל,
וואו די מוטער חנה ליגט
אויף אַ פריש פאַרשאָטן בערגל,
ווי זי וואָלט אַ קינד געוויגט...

ווען די טאַנקעס קומען נענטער,
שפּרינגט די מוטער חנה אויף,
פייער שפּריצט פון אירע אויגן,
לויפט זי מיט די הענט אַרויף,

דראָענדיק געביילט די פויסטן:
— רוצחים! — שפּרינגט זי קעגן טאַנק,
נאָר די בייזע טאַנק־מחבלים
לאָזן שנעלער זיך אין גאַנג.

און זיי רעדען אַריבער
איבער מוטער חנהס לייב,
פרייט זיך אויפן טאַנק אַ נאַצי:
— ווייניקער אַ יודן־ווייב!...

און דאָס ראָד פון טאַנק פאַרבלוטיקט,
רעדערט ווייטער ביז צום וואַלד,
שוין אַריבער בערישס קבר
און אַן ערשטער בוים, ער פאַלט.

און בערעזעס יונגע פאַלן
אונטער שווערער לאַסט פון טאַנק:
— „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס"!...
שאַלט אַ יובלדיק געזאַנג...

נאָר אַן עכאָ ווי פון קבֿרים,
קרעכצט אַרויס פון אַלע זייטן,
— נאַצי־דייטשלאַנד, זיי פאַרשאָלטן,
אַ קללה דיר אויף אַלע צייטן!...

☆

